# שעה'ן פון אומעט

יעקב י. העלער

אַרויסגעגעבען פון דעם
בילדונגס-קאָמיטעט פון לאָקאַל 105, א. ל. ג. וו. יו.

יאַנואַר, 1943

# אינהאַלט:

## ערשטער טייל



## צווייטער טייל

# ווינטען

ווינטען, שטורעם־ווינטען, בייזע ווינטען,
בלאָזען קאַלטע פאַלשקייט אויף דער וועלט.
טייכען, שטילע טייכען, קלאָרע טייכען, טרערען־טייכען
ווערען פאַרגליווערט און פאַרפראָרען פון דער קעלט...

שנייַ, רויטער שנייַ, גרינער האָגעל, אַכזר׳דיקער פראָסט,
חוצפה, ליגען, זינד און שאַנד קלאַמערן די האַרץ.
בלינדע מערדער, קאַלטע מערדער, ווילדע מערדער —
מיט מורא־שאָטענס — פאַרבען אַלעס אָפּ אויף שוואַרץ...

יושר, גלויבען, אמת אין קעלערס ליגען שטיל באַהאַלטען.
ערליכקייט — אין אייזען און אין קייטען איז געשמידט.
מענטשהייט איז צוטריבען, איז צוואַנדערט, איז
פאַרוואָגעלט.
גערעכטיגקייט — פאַרצווייפעלט איז — און מיד...

אומעט — שווערער, דיקער, שוואַרצער אומעט —
האָט איינגעהילט און צוגעדעקט די ערד.
מען הערט ניט מער דעם מענטשענ׳ס אַלטע שפראַכען —
חוץ די שפראַך פון בלוט און שפראַך פון שווערד...

די יוגענט און די טוגענט — אויף די קני שטייט —
איינגעוויקעט אין טייכען בלוט און טרערען,
עלטער — זיפצט געבעטען, קרעכצט תחנונים —
זייער יאָמערען — אין די הימלען קען מען הערען...

שקר — האָט געקרוינט זיך אַלס דער אמת.
אמת — ווערט באַשולדיקט אין פאַרראַט!
גאָט — פאַרנעם אַמאָל די תפילה פון מיליאָנען —
באַשטראָף אַמאָל דעם זינדער — לויט זיין טאַט!...

# איך וואַרט

איך וואַרט, מיט אומגעדולד, אויף דער לעצטער שעה -
אויפ'ן שרעק־מאָמענט — אַן ביטערניש און אַן צאָרען.
שטיל, שטיל איז איצט, קיינער מער אַרום — ניטאָ,
אויסער שאָטענס — זכרונות פון קינדער־יאָרען...

מיין בליק, שיק איך פליען איבער ווייטע אָקעאַנען,
צו זוכען אַן אַלטע שטיבעלע, מיט אַ פלאַכען דאַך, —
מיין יוגענד־היים. איז קיינער מער שוין דאָרטען ניט
פאַראַנען.
זי איז איינגעפאַלען פון עלטער און פון קאַנאָנען־קראַך.

די שוהל, די שטאָלצע, די אימפּאָזאַנטע, וואו איך האָב
קאַלטע נעכט געוואַכט,
און ביי אַ ליכטעל, האַרץ־ניגונים אַרויסגעשיקט צו גאָט —
איז פאַרלאָזען, איז פאַרריגעלט, איז צוגעמאַכט...
אַ יאָמער־טאָל פון טרערען — איז געוואָרען פון מיין
שטאָדט...

מיין טויטען טאַטען לויף איך זוכען פאַר אַן עצה.
אויף דעם לעצטען וועג זאָל ער מיר ווייזען ווי צו גיין...
זיין אינגסטען זינדעל זאָל ער נעמען אויפן פלייצע —
עס איז אומעטיק אין שטילען, שוואַרצען וועג — אַליין...

איז זיין קבר — לאַנג, שוין לאַנג, צוטראָטען,
און פון זיין מצבה — דער מינדסטער שפור ניטאָ.
גאָט האָט, קענטיג, שטריינג פאַרבאָטען —
באַגלייטער האָבען — אין דער לעצטער שעה...

און דער מאַמען — דער מאַמען, עליה השלום?
איז פראַגעס פרעגען, זעהר שווער.
ווען זי קומט צו מיר ביי נאַכט צו חלום —
וויינט זי שטענדיג — מיט אַ הייסער טרער.

אליין וואַרט איך, אומגעדולדיג, אויף דעם מלאך מיטן שווערד.

עס שרעקט מיך ניט זיין אויסזען און זיין צאָרען.
וועכטער שיינע דערמוטיגען מיך אין די לעצטע שעה'ן אויף דער ערד —
מלאכים שמייכלענדע — זכרונות פון די קינדער־יאָרען.

# צו מיין פעדער

פעדער, מיין פעדער, מיין פליסענדע פעדער,
מיין איינציגער שוטץ ביזטו איצטער פאַרבליבען.
דער ווינט ווערט אַלץ שטאַרקער, דער האָגעל אַלץ גרעסער,
ווי אַ וועלקענדער בלאַט — ווער איך פון שטורעם געטריבען.

ניטאָ מער קיין כחות פאַר שלאַכטען צו פירען,
דער קערפער קען געגנער שוין מער ניט באַזיגען.
ווי אַ הינדעל אַ קראַנקע, אין ווינקעל פאַרטריבען, —
בין איך געוואָרען די ציעל־ברעט — פאַר פיילען פון ליגען.

אַרונטער דער קאָפּ איז — געבויגען דער רוקען —
פיל זיך מאַכטלאָז צו ווערען געגען ברויזענדען שטראָם.
די שטימע צו־שוואַך איז — עס זאָל מיר ווער הערען —
ווען עס טראָגען מיך כוואַליעס צום פינסטערען תהום...

דו בלויז, מיין פעדער, קענסט שרייבען אַ תפילה,
אַ רחמנות־געבעט — אַ געוויין...
פאַרגעסט ניט אַ חבר — פאַרלאָזט ניט אַ ברודער —
אין די לעצטע מאָמענטען פון לעבען — אַליין...

פאַרבלייב מיט מיר, פעדער — אין מאָמענטען פון אומעט,
לאָז דער וועלט וויסען מיין נשמה׳ס פאַרלאַנגען.
ווען די זון גייט אַרונטער, און ווינטער קומט אָנעט —
אויף אייביק פאַרצייכען, מיינע לעצטע געזאַנגען...

# מיין געלעכטער

גאָט האָט מיר געשיינקט אַ מתנה —
געלעכטער. —
ער האָט אויפ׳ן פּנים אַ שמייכל פאַרשפּרייט,
פאַר מיינע טרערן — אַלס וועכטער.
און פון האַרצענ׳ס טרערן געדראַנג,
און פון מיין נשמה׳ס ווייטיקדיקן קלאַנג —
האָב איך שפּאַסיקע לידער געשאַפן —
לידער פון צער — געמישט מיט געזאַנג.

אין האַסטיקען רויש —
פון מיינע טראַגישע יאָרען —
האָט יעדע זודיקע טרער
אַ געמאַכטען שמייכל געבאָרען.
אַפילו ווען די וועגען פון לעבען
האָבען געפירט באַרג אַראָפּ —
האָב איך מוטיק געשפּרייזט
מיט אַ געהויבענעם קאָפּ...
ווייל גאָט האָט מיר געשיינקט אַ מתנה —
אַ וואונדער־געווער —
צו קענען אין געלעכטער דערטרינקען —
די איינזאַמסטע טרער...

פילע, וועלכע האָבען געזען מיך שפּרייזען,
אויפ׳ן פאַרלאָזענעם שליאַך —
האָבען זיך מיט אַפּשפּאָט געשושקעט:
„זעט! — אים אַרט ניט קיין זאַך!״
ניט דערקענט האָבען זיי דעם ווייטיק,
וואָס האָט געפּרעסען די גלידער,
און האָבען ניט פאַרשטאַנען די סיבות
פון די פאַרשטיקטע, ניט געזונגענע לידער.
ניט ענטפּלעקט האָבען זיי דעם אָנזאָג פון גאָט:
פון דיין שמייכל — די וועלט זאָל זיך קוויקען.

אַבער דיין טרער — ווייז ניט קיינעם —
זאָלסט איר טיף, אין האַרצען דערשטיקען.

אַ סך, אַ סך, האָבען זיך געטראַכט:
„זעט! — ער לאַכט! —
ער לאַכט ביים סוף פון זיין לעבען,
ווען ער האָט קיין חלומות שוין ניט מער.
ער זשאַלעוועט נאָך אַלץ אַ טרער —
ווען יוגענד האָט אים לאַנג שוין אויפגעגעבען״...
ניט געוואוסט האָבען זיי פון גאָט׳ס מתנה,
וועלכע האָט מיך באַגלייט אין געפאַר און אין סכנה,
פון גאָט׳ס גרויסען געשאַנק — געלעכטער.
איך האָב ניט געקענט וויינען —
ניט געטאָרט וויינען —
מיט אַ שמייכעל אַלס מיינע טרערען־וועכטער...

# די פאַרלאָרענע שלאַכט

דער לעבען איז ראַשיג געפלאָסען,
טאָג־טעגליך איז בייעס געשען.
איין שלאַכט נאָך דער צווייטער געפאָכטען —
געפאָכטען מיט אימפעט — מיט ברען . . .

זיגען, נאָך זיגען, פאַרצייכענט.
נחת געשעפט פון מיין מאַכט.
באַטראַכט זיך — אַלס העלד אונבאַזיגבאַר,
זאָרגלאָז — געשפּאַסט און געלאַכט.

רעדעס, פלאַם־פייער, געהאַלטען,
אָראַטאָרישע קוילען — פּינקטליך געצילט.
דער לעבען, ווי זוניגע שטראַלען —
האָט זיך, זאָרגלאָז, אין פענסטער געשפּילט.

געזעסען זיך רואיג אין זאָטעל,
ווי אַ ריטער, אַ העלד, אויפן פערד,
מיט מוט גאַלאָפּירט דורך געפאַרען,
געפאָכטען דעם בלאַנקענדען שווערד.

קיין צייט ניט געהאַט צו באַטראַכטען,
אַז לעבען שעפּט אויס זיך אַמאָל.
אין ראַשיגען קלעטער צום הימעל —
ניט באַמערקט גאָר דעם פרירענדען טאָל.

ביז דער קאָפּ, גרוי איז געוואָרען,
דער קערפער אַ שאַרבען אָן מאַכט.
נאָך יאָרען פון קלינגענדע זיגען —
דערזע איך — כ׳האָב פאַרלוירען די שלאַכט! . . .

# פרילינג

פרילינג, שיינער פרילינג,
וואונדער־צייט פון יאָר,
קום און בלייב אויף שטענדיק דאָ.
ענטויש מיר שוין ניט מער.

פרילינג, ליבער פרילינג,
דו ברייננגסט פאַר פילע מענטשען גליק,
און האָפענונג, און גלויבען,
קום שוין שנעלער — אויך צו מיר...
צינד כאָטש איין מאָל אָן אין מיין נשמה
דעם אַלטען ליבע־פייער
פון די יוגענד־יאָרען.
מאַך מיך ווידער דורשטיק,
איך זאָל וועלען נאָך אַ טרונק
פון דעם קוואַל פון לעבען.
איך זאָל ווידער זיין און פילען,
ווי כ׳האָב געפילט אַמאָל;
איך זאָל ליבען, איך זאָל האָפען,
איך זאָל ביינקען, און זאָל טרוימען —
אַ זיסען יוגענד־טרוים...

אויסגעלאָשען האָט דער ווינטער,
דער גרויער, קאַלטער אַכזר,
יעדען פונק פון לעבען
אין מיין ברוסט.
קאַלט — מיין יעדער חוש,
טויט, פאַרפרוירען — יעדער אבר.
ניטאָ אין מיר שוין מער
קיין האַס, קיין ליבע,
קיין פאַרלאַנגען.
ווי אַ פאַרבלענדעטער שמעטערלינג
אַרום אַ ליכט — בין איך:

איך פלי, איך דריי זיך —
און בלייב, ווי אַ מצבה —
פאַרגליווערט אויף איין אָרט...

פרילינג, שיינע צירונג פון דער נאַטור,
קום, טו אָן אויף מיר
אַ גרינעם בלאַט.
פוץ מיך אויס אין רויזען און אין ליליען.
באַקלייד מיך אין אַ שיינער
פרילינגס־קלייד.
מאַך מיך ווידער יונג.
באַהויך מיין נשמה
מיט פאַרלאַנגען און באַגערען.
זאָל מיין האַרץ זיך ווידער צאַפּלען
מיט אַ ליידענשאַפט פון ליבע.
און זאָלען אַלע, וועלכע ליבען,
קומען אויסטרינקען מיין לעבען —
פונקט ווי בינען טרינקען
דעם נעקטאַר פון די בלומען.
דאַן וועל איך — באַשאַפער פון די וועלטען —
מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען —
מיין נשמה דיר אָפּגעבען...

# האַרבסט

הויל איז דער בוים,
וואָס וואַכט לע׳ם מיין הויז,
די בלעטער — צוטראָגען פון ווינט,
די צווייגעלעך דינע
קלאָגען און וויינען
ווי אַ פאַר׳יתומ׳טע קינד.

זינגענדיקע פויגעלעך,
זינגען ניט מער,
אַנטלאָפען אין די וואַרימע וועלטען.
זייערע נעסטען — צוריסען,
זייערע היימען — צושטערט,
ניטאָ מערער — די זומער־געצעלטען.

דער הימעל ווי בליי,
היינגט איבער׳ן קאָפּ,
מיט צושראָקענע וואָלקענס פאַרצויגען.
עס קלאַפּט האַסטיק דאָס האַרץ,
אַ פראַגע וואַקסט אויף —
עס פינקעלט — אַ טרער אין די אויגען.

# צו אַ הוילן בוים

עלענדער בוים,
ביסט ריזיג און שלאַנק,
דאָך קוקסטו צום הימעל,
ווי דיר וואָלט געטאָן עפּעס באַנג.

הויל דיינע צווייגען,
דיינע בלעטער פאַרטריבען,
ווי אַ פאַרדאַרטער סקעלעט,
ביסטו איצטער פאַרבליבען.

האָפסטו, אַז דער פרילינג
וועט דיך מיט לעבען באַנייען,
מיט בלעטער באַקליידען,
און פון אומעט באַפרייען?

און אפשר דעם האַרצלאָזען העקער
דערוואַרטעסטו באַלד,
וואָס וועט דיך אויף שטיקער צוזעגען
און פאַרטראָגען פון וואַלד?...

# וואו ביסטו מיין זון?

1

וואו ביסטו, מיין זון,
וואָרים ליגסטו פאַרבאָרגען?
באַהאַלט ניט די שטראַלען,
פאַר שפעטער, פאַר מאָרגען.
קום אַרויס מיט דיין גלאַנץ,
אויף דער פרירענדער וועלט,
פאַרטרייב פון מיין שטעטעל,
די כמאַרעס — די קעלט.

2

זאָלען די שטראַלען,
מיט וואַרימקייט גליען,
זאָלען די בלומען,
מיט דופטיגקייט בליען.
צינד אָן מיין האַרץ,
מיט פרילינג - פאַרלאַנגען,
פיל אָן די לופט,
מיט פויגעל - געזאַנגען.

3

לאָמיר דערפילען
דעם סוד פון מיין לעבען,
לאָמיר דערשפירען,
אַ ציל און אַ שטרעבען.
פון די הימלען די הויכע,
דיין ליכט שיק אַראָפּ,
— דערוואַרים מיט ליבע
מיין געבויגענעם קאָפּ...

# גאָט, איך בין גרייט!

ווען איך וועל דערהאַלטען
דיין ענדליכען רוף,
אַ באַפעל צו דיין דינער,
צו ברייננגען זיין גוף,
צו דער אייביקער רו —
וועסטו קריגען איין ענטפער:
גאָט — איך בין גרייט.
איך בין פאַרטיג דערצו . . .

און ווען איך וועל קומען
אין דיינע הימלען אַריין,
וועט דער בוך פון מיין לעבען
אין אָרדענונג זיין.
יעדע שורה —
יעדע בלאַט —
וועט זיין פריי פון פאַלשקייט —
ריין פון פאַרראַט.
שטאָלץ וועסטו זיין —
גנעדיגער האַר —
מיט דיין געהאָרכזאַמען דינער —
מיט דיין ערדישען — נאַר . . .

# יאָרען

יאָרען פאַרגעסענע, אַלטע, פאַרזעסענע,
זיי קומען, זיי קומען צוריק.
יאָרען געבויגענע, דורך שלייערס פאַרצויגענע,
זיי ערשיינען אין חלום — צוריק.

איך וויל זיי אומאַרמען, זיך אַביסעל דערוואַרימען,
אין טרוימען, פון יוגענדע טעג.
נאָר זיי, אַנגעבלאָזענע, שטייען פאַרלאָזענע,
ברוגז — אויף דעם לאַנג־לאַנגען וועג.

גיט מיר אַ גלעטעלע, ווייזט מיר אַ בלעטעלע,
פון טרוימען, פון יוגענד — אַ מאָל!
„מענטש, דו פאַרדאָרבענער, וואָס זוכט אַ געשטאָרבענער"
לעכערט די נאַכט דורך אַ קול...

איך זוך בלויז מיין טוגענד, איך גאַר נאָך מיין יוגענד,
מיין פאַרגאַנגענהייט זוך איך — מיין גליק. —
האָסט דיין יוגענד — פאַרשווענדעט, ס'האָט זיך אַלעס
געענדערט,
וואָס געווען — וועט ניט קומען צוריק...

# קלאַפּ מיין האַרץ

טיק־טאַק — קלאַפּ, מיין האַרץ,
טיק־טאַק — ווער ניט מיד,
טיק־טאַק — קלאַפּ־קלאַפּ,
זינג מיר ווידער אַ יוגענט־ליד.

זינג מיר אַ ליד פון זוניקע טעג,
ווען אין האַרצען איז וואַרים געווען,
ווען די וואָלקענס זיינען זיך צופלויגען,
און קלאָרע הימלען — האָב איך געזען.

טיק־טאַק — קלאַפּ, מיין האַרץ,
בלייב נאָר ניט פּלוצים שטיין,
טיק־טאַק — טאַק־טיק,
ס'איז אַ ווייטער וועג נאָך דאָ צו גיין.

און איז דער וועג באַדעקט מיט שטויב,
און דער מהלך ווערט צו שווער —
טיק־טאַק — קלאַפּ, מיין האַרץ,
מאַך פייכט די וועגן — מיט מיין טרער.

זינג ווייטער, פון טרוימען נעכט,
זינג ווידער פון צויבער־טעג,
טיק־טאַק — טאַק־טיק! —
מיט טריט פעסטע גיי דיין וועג!

טיק־טאַק — קלאַפּ, מיין האַרץ,
טיק־טאַק — ווער ניט מיד.
טיק־טאַק! קלאַפּ־קלאַפּ!
איך וויל זינגען אַ יוגענט־ליד.

# באַצאָלט מיר אַ חוב

גיט מיר צוריק
מײַן אַמאָליגען זונג;
גיט מיר צוריק
מײַן אַמאָליגען קלונג.

גיט מיר צוריק
מײַן אַמאָליגע זעל;
גיט עס מיר אָפּ,
איך בעט — איך באַפעל.

גיט מיר צוריק
מײַן אַמאָליגען לאַך;
גיט מיר צוריק
מײַן אַמאָליגע שפּראַך.

גיט מיר צוריק
וואָס איך האָב אײַך געגעבען;
גיט מיר צוריק
מײַן יוגענד, מײַן לעבען.

— — — — — — —

אָט דעם שאַרבען אָט דעם,
וואָס איז איצטער פאַרבליבען;
אָט דעם שאָטען אָט דעם,
וואָס האָט די שורות געשריבען.

אָט דעם קרבן אָט דעם
פון בייזער נקמה;
גיט אָפּ אים צוריק —
בלויז זײַן נשמה.

גיט מיר צוריק בלויז
וואָס איך האָב אייך געגעבען;
גיט מיר צוריק נאָר —
מיין אייגענעם לעבען...

# אַ זעלנער אויף דער וואַך

אַליין, אַליין, אויף דער וואַך,
די לבנה באַצויבערט די נאַכט.
שטימען פון ברידער אין קברים,
הילכען: הויבט אָן די שלאַכט!

אידען אומשולדיג ערמאָרדעט,
לעבענס געענדיגט דורך גוואַלד —
זיי רופען, זיי וויינען, זיי בעטען:
ראַכע נעמט פאַר אונז באַלד! . . .

רוסען, פּאָליאַקען און גרעקען,
אַלע אויף דער זעלביגער שפּראַך,
מאַרטירער נשמות ביים לעבען —
זיי רעדען די זעלביגע זאַך:

די קינדער וואָס טוען?
און מאַמע וואָס מאַכט?
און יונגע געליבטע,
מיט זודיקע טרערען?
די געפאַר ווערט אַלץ גרעסער,
מיר פאַרלירען די שלאַכט.
צו מערדער׳ס ממשלה
אַ סוף מוז באַלד ווערען! . . .

צושאָסענע אברים,
צובלוטיגטע גלידער,
פון מיליאָנען ערמאָרדעטע
שוועסטער און ברידער.
מחנות געפאַלענע
שלאַכט-באַטאַליאָנען,
וועלדער קרבנות
מיט בלוטיגע פאַנען,

ערשיינען אין רייען,
זיי וויינען, זיי מאָנען:

מיר ליגען אין קברים
פון בלוטיגער ערד,
באַרויבט האָט אונז דער שונא
פון ביקס און פון שווערד;
אונזערע לעבענס געגעבען
פאַר ליבע און שלום,
מיט געווער אין די הענט —
פאַרווירקליכט דעם חלום . . .

עס שפּאַלט זיך דער הימעל,
דונערען קנאַלען,
טראָפּענס פון רעגען
פאַלען און פאַלען.
די לבנה פאַרדעקט זיך,
עס פאַרשווינדען די שטערען,
אַ בת־קול פון הימעל
לאָזט זיך דערהערען:
איינזאַמער וועכטער,
ביים טייכעל וואָס פליסט,
זיי ניט פאַרצווייפעלט,
באַגריסט זיי, באַגריסט . . .

און אַן אָפּקלאַנג דערהערט זיך
פון די בערג און די טאָלען:
די מערדער וועלען פּינקטליך
און טייער באַצאָלען . . .

דער מזרח ווערט רויטליך,
די זון הויבט אָן לייכטען,
די שטראַלען דערוואַרימען
דעם מאָרגען, דעם פייכטען.
דער וועכטער רופט אויס
צו די בערג און די טאָלען:
די מערדער וועלען טייער
און טייער באַצאָלען . . .

# ווי אַמאָל

אַ סך מאָל האָב איך מוט
די גאַנצע וועלט אין בלוט
צו זען זיך טרינקען.
קריגן אַלץ וויל איך באַלד,
צי מיט גוטען, צי מיט געוואַלד,
און נאָכדעם וואָלט איך געוואָלט
אין שטילקייט פאַרזינקען.

ס'טרעפט אַז איך וואַקס אויס ווי אַ ריז.
פאַר די שונאים — אַ גיפטיק שפיז
טראָג איך אַנטקעגען:
אַט אין יענער צייט ווערט אין מיר אַלץ גרייט,
אַפילו די ניט מורא פאַרן טויט,
וואָס וואַרט שוין אויף אַלע מיינע וועגען.

אָבער, אַמאָל טרעפט, אַז עס פאַלט אויף מיר שווער
אַפילו דער ציטער פון אַ טרער,
וואָס ווערט אין איינזאַמקייט געבאָרען.
דעמאָלט וויל איך אין עלענד אַליין
אויפגיין און פאַרגיין
און ווערען נאָך אַמאָל אין מיין געשטאַלט געבאָרען.

# צוריק פון יאַריד

א.

ווען איך בין צום שטעטל געפאָרען,
איז די רייזע צו לאַנגזאַם געווען.
יאָג זיך, מיין שנעל־צוג, וואָס שנעלער!
די שטעטל וואָס גיכער צו זען.

ב.

ניט געזאָרגט זיך וואָס עס וועט מאָרגען פּאַסירען.
פאַרגעסען וואָס ס'איז נעכטען געשען.
באַוועג זיך, מיין לעבען, מיט אימפּעט!
היינט מוז איך — אַלץ נאָך זען!

ג.

ווי אַ ווינטער האָב איך זיך געטראָגען,
געאיילט זיך צו גרייכען מיין גליק.
גזלנים! איר האָט צו שנעל געטריבען. —
איך פאָר שוין — אויף צוריק, אויף צוריק.

ד.

די רייזע אַצינד איז צו האַסטיק,
רחמנות, דעם צוג שטעלט אָפּ!
יאָגט ניט מיט אַזאַ פייפענדען אימפּעט! —
איר קייקעלט מיך שנעל באַרג אַראָפּ!

ה.

ווען איך בין אַ קינד נאָך געוועזען,
איז אַלץ צו לאַנגזאַם געווען.
געיאָגט זיך וואָס שנעלער, וואָס גיכער,
דעם לעבען, דעם לעבען — צו זען.

ו.

איצט פאָר איך צוריק פון יאַרידעל,
דער קערפּער פון לעבען צובויגען.
אין האַרצען אַ פיינליכע לידעל —
אַ זודיקע טרער אין די אויגען.

# צו אַ ווילדער ענטל

ענטל דו ווילדע,
וואו יאָגט דיך דער שטראָם,
איבער רוישיקע כוואַליעס,
אין קאָכיקען תהום?

האָסטו גאָר ניט קיין מורא,
האָסטו גאָר ניט קיין שרעק,
פאַר דער שטילקייט, דער שטומער,
ווען די זון גייט אַוועק?

באַצירער פון טייכעל,
דיין ווילדקייט, זי גליט,
וועלכע קראַפט צו דעם וואַסער
ציט דיך און ציט?

שווימסט מיט אַן אימפעט,
מיט אַ האַסט און געיעג,
ווער וואַרט אויף דיר, ענטעל —
ביים ענדע פון וועג?

קוואַ, קוואַ, קוואַ, קוואַ, קוואַ!
אַן ענטפער איך הער:
עס ציט מיך דאָס לעבען,
עס רופט דער באַגער.

דער זיווג — מיין געליבטער,
מיין ער — אַט אַ דאָרט, —
לאָזט מיך ניט רוען,
ניט שטיין אויף אַן אָרט.

ענטעלאַך קליינע,
וועלען זיין מיין באַלוין,
מיך שרעקט ניט קיין כוואַליע —
ווייל דאָס לעבען איז שיין.

# כמעט אַ פריילאַכס

(געזונגען ביי מיין טאָכטער'ס חופה)

אַ חתן בחור'ל,
מיין קינדעלע,
גענומען האָסטו,
אימעצענס אַ זינדעלע,
טאַטע־מאַמע בלייבען
איצט אַליין:
שפּיל, כלי־זמר,
אויפ'ן פידעלע!
די אַלטע, אַלטע,
אַלטע לידעלע,
לאָז קיינעם נאָר ניט
הערען מיין געוויין...

רעפריין:
שפּילט אויף,
לכבוד חתן־כלה!
טאַנצען, טאַנצען,
לאָמיר טאַנצען אַלע!
פרייט זיך, פרייט זיך,
מיטן זיווג היינט...
פרייט זיך, מחותנים —
פרייט זיך, פריינט!...
ווייל אַ חתן בחור'ל
מיין קינדעלע,
גענומען האָסטו,
אימעצענס אַ זינדעלע,
טאַטע־מאַמע בלייבען
איצט אַליין:
שפּיל, כלי־זמר,
אויפ'ן פידעלע!

די אַלטע, אַלטע,
אַלטע לידעלע,
לאָז קיינעם נאָר ניט
הערען מיין געוויין . . .

פאָרסט באַלד אַוועק,
מיין טעכטערל,
נעמסט מיט
דיין זיסינקען געלעכטערל,
טאַטע־מאַמע —
ווישען אָפּ אַ טרער;
פויקט, פייקלער,
אויף די פייקעלאַך!
שפּילט צו
אויף די באַלאַלייקעלאַך!
ס׳איז אַ שמחה —
און אין האַרצען פילט זיך שווער . . .

רעפריין:
שפּילט אויף,
לכבוד חתן־כלה!
טאַנצען, טאַנצען,
לאָמיר טאַנצען אַלע!
פרייט זיך, פרייט זיך,
מיטן זיווג היינט . . .
פרייט זיך, מחותנים —
פרייט זיך, פריינט! . . .
ווייל אַ חתן בחור׳ל
מיין קינדעלע,
גענומען האָסטו,
אימעצענס אַ זינדעלע,
טאַטע־מאַמע בלייבען
איצט אַליין:
שפּיל, כלי־זמר,
אויפ׳ן פידעלע!

די אַלטע, אַלטע,
אַלטע לידעלע,
לאָז קיינעם נאָר ניט
הערען מיין געוויין . . .

אַליע־ליו־ליו,
שלאָף, מיין קינד,
טענער לאַנגאַניגע
הער איך ווידער אַצינד,
דיין וויג־ליד
ועט אויף אייביק בלייבן ביי!
וועלקען, וועלקען —
מעגט איר, בלומען;
שטורעם, שטורעם,
קענסט — אָנקומען!
טאַטע־מאַמע —
וועלען דיר אייביק בלייבען טריי...

רעפריין :
שפילט אויף,
לכבוד חתן־כלה!
טאַנצען, טאַנצען,
לאָמיר טאַנצען אַלע!
פרייט זיך, פרייט זיך,
מיטן זיווג הייגט . . .
פרייט זיך, מחותנים —
פרייט זיך, פריינט! . . .
ווייל אַ חתן בחור׳ל
מיין קינדעלע,
גענומען האָסטו,
אימעצענס אַ זינדעלע,
טאַטע־מאַמע בלייבען
איצט אַליין;
שפיל, כלי־זמר,
אויפ׳ן פידעלע!
די אַלטע, אַלטע,

אַלטע לידעלע,
לאָז קיינעם נאָר ניט
הערען מיין געוויין...

ווען גאָט וועט איך בענטשען,
קינדערלאך —
מיט אייגענע
טעכטערלאַך־זינדעלאַך,
און איר וועט אָנקומען
בשלום צו אַ ברעג;
זינגט אונטער קינדעלעס וויגעלע,
געפינט זיך אַ ווייסע ציגעלע —
פאַרגעסט ניט —
טאַטע־מאַמע אויפ׳ן וועג!

רעפריין:
שפּילט אויף,
לכבוד חתן־כלה!
טאַנצען, טאַנצען,
לאָמיר טאַנצען אַלע!
פרייט זיך, פרייט זיך,
מיטן זיווג היינט...
פרייט זיך, מחותנים —
פרייט זיך, פריינט!...
ווייל אַ חתן בחור׳ל
מיין קינדעלע,
גענומען האָסטו,
אימעצענס אַ זינדעלע,
טאַטע־מאַמע בלייבען
איצט אַליין;
שפּיל, כלי־זמר,
אויפ׳ן פידעלע!
די אַלטע, אַלטע,
אַלטע לידעלע,
לאָז קיינעם נאָר ניט
הערען מיין געוויין...

# אַ זיי־געזונט

דער טאָג איז געקומען,
נאָך אַ רייע פון יאָרען,
ווען איך מוז אַוועק,
ווייט אַוועקפאָרען.
דער טאָג איז געקומען,
דער צוג איז שוין דאָ
פון שיידונג דערגרייכט —
איז ברידער — די שעה . . .

די גאָלדענע פעדים
פון ליבע געשפונען —
ווי זיסע חלומות —
זיי ווערען אַנטרונען,
האָגעל און בליצען,
און ווינטען מיט צאָרען,
צוברעכען דעם בנין,
פון צענדליגע יאָרען.

עס כליפעט אין הארצען,
אַ וויינענדער ניגון,
אויף שלאַכטען פאַרלאָרענע,
אויף ווערטלאָזע זיגען,
אויף שוימיגע כוואַליעס,
וועלכע שלאָגען די ברעגען,
אויף חורבות צעפאַלענע,
אויף פאַרגאָסענע וועגען.

צווייטע, צעשפרייטע
חברים און ברידער,
יאוש און אומעט,
פאַרטויבען די גלידער.

אַ לאַנגער מהלך,
אַן עלענדער וועג —
אַן שטערען די נעכט,
פאַרכמאַרעטע טעג.

ווערטער פון שיידונג,
הערט איצטער אויס,
ווערטער וואָס קומען,
פון האַרצן אַרויס:
איינמאָל אַ ברודער —
שטענדיק — אַ פריינד,
איינמאָל — אַ שונא —
אייביק — אַ פיינד.

לעבט זיך דאָ גליקליך,
און טראָגט ניט קיין צאַרען,
געדיינקט אויך די גוטע —
די פרוכטבאַרע יאָרען,
אַ גענעראַל מוז באַצאָלן,
פאַר פאַרלירען אַ שלאַכט —
אפילו ווען איינמאָל אין לעבן —
האָט ער אַ טעות געמאַכט.

אין די מאָמענטען פון שיידונג,
זאָגט צו מיר איין זאַך:
אַ פריינדליכען שמייכעל,
אַמאָל אויך אַ לאַך,
און נאָענט זיך טוליען,
אפילו פון ווייטען —
ניט דינען קיין געטשקעס —
די אמונה ניט בייטען,
די שעה איז געקומען
נאָך אַ רייע פון יאָרען.

דער פורמאַן, ער רופט שוין:
די פור גרייט צו פאָרען!
דער מאָמענט איז געקומען...
דער צוג הויבט אָן גיין!
ברידער — קוקט אָן מיר —
איך וויין ניט! — איך וויין...

# ווען דער רבי

ווען דער רבי גייט צו שחרית
גייט די זון אים אויף אַנטקעגען,
ווען דער רבי גייט צו שחרית,
באַלויכטען ווערען אַלע וועגען.
פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
פרייט זיך, אַלע גוטע קינדער,
פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
מיט'ן רבי'נס גרויסען וואונדער.

ווען דער רבי דאַווענט מעריב,
דאַווענט ער מיט גרויס כונה,
ווען דער רבי גייט צו מעריב,
קומט אַרויס באַלד די לבנה.
פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
פרייט זיך, אַלע גוטע קינדער,
פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
מיט'ן רבי'נס גרויסען וואונדער.

ווען דער רבי בענטשט הבדלה,
איז אַ מחיה אים צו הערען,
פון דעם רבי'נס שיינעם קנייטעל
צינדען אָן זיך אַלע שטערען.
פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
פרייט זיך, אַלע גוטע קינדער,
פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
מיט'ן רבי'נס גרויסען וואונדער.

ווען דער רבי גייט זיך לייגען,
חלומ'ט ער פון שיינע זאַכען,
ווען דער רבי פאַרמאַכט די אויגען,
קומען מלאָכים אים באַוואַכען.

פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
פרייט זיך, אַלע גוטע קינדער,
פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
מיט'ן רבי'נס גרויסען וואונדער.

ווען די רביצין גייט צו טבילה,
זינגט דאָס טייכעל איר אַ לידעל,
ווען די רביצין קומט פון טבילה —
ווערט געבוירען נאָך אַ אידעל.
פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
פרייט זיך, אַלע גוטע קינדער,
פרייט זיך, קינדער פון ישראל,
מיט'ן רבי'נס גרויסען וואונדער.

# יום כפור

יעדען יום כפור
שרייבט גאָט אָן אַ צעטעל
פאַר יעדערען אידען,
אַ באַזונדערען בלעטעל.
אַ באַשלוס ווערט פאַרשריבען,
אַן אורטייל געגעבען —
ווער עס זאָל שטאַרבען
און ווער עס זאָל לעבען.

ווער ס'וועט פאַרלירען
און ווער עס וועט זיגען,
און ווער צוליב קראַנקהייט
וועט אין בעט מוזען ליגען.
איינער פאַרהונגערט,
אַ צווייטער דערקוויקט,
אַ דריטער פאַראָרימט,
אַ פערטער — באַגליקט.

ווער דורך וואַסער, דורך פייער,
און ווער דורך אַ שטיין,
און ווער דורך אַ מערדער,
וועט פון דער וועלט מוזען גיין.
ווער דורך אַ קויל,
און ווער דורך אַ שווערד,
ווער צו די הימלען —
און ווער אין דער ערד.

יעדען אידענס שיקזאַל
ווערט יום כפור פאַרהאַנדעלט,
יעטווידער משפט
אין אַ דעבאַטע פאַרוואַנדעלט:

דער שטן מקטרג
פאַדערט נאָר — „טויט” —
און דער מלאך הטוב —
אַלעס פאַרגעבען איז גרייט.

פאַר יעדען משפט
זאָגט גאָט אָן די מלאכים,
זיי זאָלען נאָר גיין
אין באַזונדערע דרכים.
איינער — גיי לינקס!
צווייטער — גיי רעכטס!
און ברייגנט מיר דאָס גוטעס —
און ברייגנט מיר דאָס שלעכטס.

איידער דער האַר שײנקט זיין ברכה,
אָדער ווען גאָט גיט זיין שטראָף
דעם אירדישען וועזען,
דעם זינדיגען שקלאַף,
ווערט יעדע האַנדלונג
אַלזייטיג באַטראַכט . . .
ווען ער באַזיצט אַלע פאַקטען —
ווערט דער ספר פאַרמאַכט.

* * *

מיין משפט געוועזן איז
שוין איניגע מאָל,
און דער שטן מקטרג
האָט געדונערט אין קול:
„ער האָט געננוג שוין געלעבט —
גנעדיגער גאָט —
ניטאָ מער קיין פלאַץ
אין דער זינדיגער שטאָט.

„אין לצנות פאַרבראַכט
זיין גאַנצענעם לעבען,

פאַר זיך זעלבסט יעדע שעה
פון זיין לעבען געגעבען.
זיין יעטווידע רעדע
געוועבט פאַר אַ שפּאַס,
זיין יעטווידער וואָרט —
אַ חניפה דער גאַס.

„דער מענטש איז באַשאַפען
פאַר ערענסטע צוועקען,
צו ליבען, צו בענטשען,
צו בויען, צו וועקען.
פאַר דער שאַפונג פון פרידען
און ליבע אויף דר'ערד,
ניט פאַר מלחמות
און געפעכטען מיט שווערד.

„ער האָט געצונדען
קלאַס, געגען קלאַס,
געזידעלט די רייכע,
גערופען צו האַס.
רעדעס געהאַלטען,
סטרייקס פּראָוואָצירט,
דיינע קינדער פון אַרבייט —
אין מלחמות געפירט.

„דיין נאָמען געלעסטערט,
דיינע הימלען פאַרלאַכט,
פון די קלענסטע און גרעסטע —
חוזק געמאַכט.
אַ זינדיגער גייסט,
פאַרדאַרבען ביז גאַר. —
מיין עצה — געזאַלבטער:
אַן ענדע — דעם יאָר!"

* * *

און דער מליץ הישר
האָט זיך געקניט און געבוקט,
און צו גאָט אין די אויגען
מיט רחמנות געקוקט.
געזיפצט און געבעטען,
גאָט זאָל אים הערען,
און דעם כסא הכבוד
באַגאָסען מיט טרערען:

„גנעדיגער גאָט —
הער אויס מיין געבעט,
דער באַשולדיקטער איד
איז דאָך אונזער פּאָעט.
לידער געשריבען,
און אַליין זיי געזונגען,
אין די גאַסען פון אומעט,
האָט זיין שטימע געקלונגען.

„פון קינדווייז אַ יתום,
אין עלענד פאַרבליבען,
פון שטעטעל צו שטאָט —
פון הונגער געטריבען.
אין די שולען, די קאַלטע,
דיין גמרא געבלעטערט,
דיינע מעשים געלויבט,
דיין נאָמען פאַרגעטערט.

„ס'איז אמת, ער האָט
אַמאָל אויך געלאַכט,
ס'איז אמת, ער האָט
אַמאָל אויך פאַרבראַכט
אין יוגענדען שמייכעל,
אין קינדערשען שפּאַס,
צו פאַרטרייבען דעם אומעט
פון דער אָרימער גאַס . . .

„אבער טיף אין זיין הארצען
פלעגט כליפען א ניגון,
אן אפקלאנג פון וויטאג,
פון ענטוישונג און ליגען.
זיינע וואכזאמע טעג,
זיינע שלאפלאזע נעכט,
מיט שמחה געגעבען —
פאר דער באפרייאונג פון קנעכט.

„די ארבעטער מאסען
אים אלס פירער געקליבען,
אין פילע גאזעטען
זיין נאמען באשריבען.
אויב דו ווילסט ניט דערוועקען
פראטעסטען און צארען,
פאלג ניט דעם שטן —
שיינק אים נאך יארען . . .”

* * *

און גאט האט געזאגט
צו די מלאכים די פאר:
„גענוג שוין — גענוג —
ווייל אלעס איז קלאר.
גענוג זיך דער קניען,
שטייט אויף די פיס!
איך האב באשלאסען —
א קאמפראמיס . . .”

* * *

ווען גאט האט גערעדט
מיט זיין געטליכער שטימע,
פון זיין הייליגען טראן,
אויף דער פלאמענדער בימה,

האט זיך דער הימעל געשפאלטען,
און ס'האבען דונערס געקנאלט,

און שניידענדע בליצען —
האָבען מיט פייער געשטראָלט.

געבלאַנקט און געלויכטען
האָבען זילבערנע שטערען,
די לבנה מיט אימפעט
האָט געיאָגט זיך גאָט הערען.
די שווערסטע טומאַנען,
די טיפסטע אָקעאַנען,
ווי ווילדע געיאָגט זיך,
פון דאָרטען, פון דאַנען.

מלאכים מיט פליגלען,
אין קאַראַהאָד —
האָבען געדרייט און געדרייט זיך
אין אַ גאָלדענער ראָד.
שירים געזונגען,
געזונגען אין כאָר,
שבחים דעם הערשער —
צום נייעם יאָר.

אָן אימה, אַ פחד,
אויף דער וועלט איז געפאַלען,
פייער און וואַסער
געזאָדען אין קוואַלען.
פון קלאַנגען פון אומעט,
פון יאָמער — געוויין —
האָט די וועלט זיך געטרייסעלט,
געציטערט אַ שטיין...

* * *

אַזוי שטייט פאַרשריבען
גאָט׳ס קאָמפּראָמיס:
„צו ערשט זאָל ער ווערען
שוואַך אויף די פיס.

נאָכדעם זיין האָרץ —
אַביסעל צוצויגען,
און נאָכדעם די ראיה —
שוואַך אויף די אויגען.

„מיט דעם זאָל דער אורטייל
נאָך ניט בלייבען שטיין —
שפּעטער וועלען קומען —
פאַרלאָרענע ציין.
מיט ציטעריקע טריט,
מיט אַ געבויגענעם רוקען —
זאָלען די מאַסען —
אים קענען אָנקוקען.

„די מאַסען אַט דאָן
וועלען אַליין אים פאַרלאָזען,
און לויפען פון אים,
ווי פון ווינטען געבלאָזען.
ברוך דיין האמת —
וועלען שטיל אַלע זאָגען,
בלויז אַ טאָכטער וועט וויינען —
אַ ווייבעל בלויז קלאָגען.

„געשטאָרבען דער קעניג!
עס לעבט דער נייער!
העי! מאַכט אַ וואָרע
פאַר דעם יונגען באַפרייער!
דער טויטער וועט ווערען
פאַרגעסן, פאַרזען —
און דער לעבען וועט שטראָמען —
ווי געוועזען — ווי געוועזען!"

* * *

יעדען יום כפור
שרייבט גאָט אָן אַ צעטעל

פאַר יעדערן אידען,
אַ באַזונדערן בלעטעל.
אַ באַשלוס ווערט פאַרשריבען,
אַן אורטייל געגעבען —
לויט דעם סדר העולם —
לויט די געזעצען פון לעבען . . .

# איד, פיל זיך ניט מיד

1

איד, איד,
מיין ברודער איד,
איד, איד,
פיל זיך ניט מיד.
איד, איד,
מיין ברודער איד,
אין צייטען פון אומעט
זינג זיך דיין ליד:
אתה בחרתנו —
פון אַלע פעלקער
אונז אויסערוויילט.
אתה בחרתנו —
תורה און חכמה —
אונז איינגעטיילט.
אתה בחרתנו —
מכל העמים . . .

2

איד, איד,
מיין ברודער איד,
איד, איד,
פיל זיך ניט מיד.
איד, איד,
מיין ברודער איד,
אין צייטען פון אומעט
זינג זיך דיין ליד:
בכל דור ודור,
אין יעטווידען דור,
האָט דאָס אידישע פאָלק
געהאַט המנ׳ס אַ פּאָר.

בכל דור ודור,
אין יעטווידער צייט —
האָט גאָט פון ישראל
אונז פון די המנ׳ס באַפרייט.
בכל דור ודור,
עומדים עלינו —
והקדוש ברוך הוא —
מצילינו מידם!...

### 3

איד, איד,
מיין ברודער איד,
איד, איד,
פיל זיך ניט מיד.
איד, איד,
מיין ברודער איד,
אין צייטען פון אומעט
זינג זיך דיין ליד:
שמע, שמע,
שמע ישראל,
גאָט, גאָט,
גאָט וועט אונז הערען.
שמע, שמע,
שמע ישראל,
היטלער, היטלער,
וועט פאַרטיליגט ווערען.
שמע, שמע,
שמע ישראל —
אדוני אלהינו —
אדוני אחד!...

# קינדער־מאַנטעל פאַבריק

קינדער־מאַנטעל פאַבריק,
אין פינעף־צוואַנציק, עווענױ אַכטע,
געביידע ריזיקע, הױכגעװיקסיקע —
פאַרכמורעטע, פאַרגליווערטע, פאַרטראַכטע.

ליים, וואָפנע, ציגעל —
זײנען דײנע קאַלטע גלידער.
ווי אין אַ נעץ פון שטאָל און אײזען —
געפאַנגען האָלטסטו מײנע ברידער.

דײנע שוואַרץ־פאַרשטויבטע פענסטער
דערשטיקען אַלע ווילדע טענער —
ווען פרויען — יונגע, אַלטע — וויינען,
ווען עס קרעכצען ביטער — מענער.

זשום! זשום! זשום!...
אַ סימפאָניע פון מאַשינען.
רעדער — רימען — קנוילען פאַרע —
מענשען יאָגען זיך ווי בינען...

שוועסטער, ברידער, שוואַרצע, ווייסע,
קומען מאַכען דאָרט אַ לעבען.
נאָך אַ נאָט און נאָך אַ מאַנטעל —
הייסט דאָרט „צוקונפט", הייסט דאָרט „שטרעבען".

פאַלט אַ קרבן ביים מאַשין —
קען אין פאַבריק שוין מער ניט קומען —
לויפען אַן גלייך מחנות נייע —
און זיין שטול ווערט באַלד פאַרנומען.

שקלאַפען קומען, שקלאַפען גייען —
פון פרימאָרגען, ביז ביי נאַכט,
און דער טייוועל, אַ פאַרשטעלטער —
שטייט אין ווינקעל — און ער לאַכט.

# אין דייטשלאַנד

לאַכט אָפּ, לאַכט אָפּ, כּת לצנים,
דער בנין איז צושטערט...
רייסט די טירען, ברעכט די שויבען,
אַזוי איז עס באַשערט...

טרערען פּליסען גאַנצע שטראָמען,
עס ווערען טייכען באַלד...
שניידט אויף בייכער, רייסט אויס הערצער —
גזלנים פון דעם וואַלד...

יוגענד צאַרטע, טרוימען שיינע,
אייער קלאָג־ליד טראָגט דער ווינט.
ברעכט דעם קערפּער, שענדט די זעל —
ס׳איז אַזאַ צייט אַצינד...

יונגע מחנות קומען אָן באַלד,
צום משפט רופען זיי...
עשאַפאָטען פאַר די היינקער —
קומט אַן אורטייל — איינס און צוויי...

לאַכט אָפּ, לאַכט אָפּ, כּת לצנים,
אַזוי איז עס באַשערט —
רייסט די טירען, ברעכט די שויבען —
דער בנין איז שוין צושטערט...